# איציק דער שיינקער

איין שיינער ראמאן וואס דיא לעזער
וועלין זיין העכסט צופרידען.

פון ש. ב.

ווילנא
תרס"ו

ВИЛЬНА.
Въ типографіи Л. Л. Маца, на Завальной
улицѣ домъ Пендорфа
1906 г.

# 1.

## אוים גֶירֶעט.

הֶערְסְטוּ שׂרה! אִיךְ בִּין גָאר נִיט צוּ פְרִידִין וָואס זלמן אִיז גֶיוָוארֶען בַּייא אוּנְז אַנַאנְצֶער „בֶּן בַּיִת‟ אִיךְ בֶּעט דִיר מִיט גוּטֶען אַז עֶר זָאל זִיךְ בַּייא אוּנְז אִין שִׁדוּכִ נִיט גִיפִינֶען, וָוארוּם אִיךְ וֶועל מוּזֶען אַרוֹיס פוּן טֶערְפֶּענְיֶע וֶוען אִיךְ וֶועל מִיט גוּטֶען נִיט מַאכִין: אַלְזָא בֶּעט אִיךְ דִיר אוֹיבּ דוּא ווִילְסְט אַז עֶס זָאל נִיט זַיין קַיין לַייטִישֶׁע גִילֶעכְטֶער, זָאלְסְטוּ זֶעהֶען אַז עֶס זָאל נִיט קוּמֶען צוּ דֶעם, וָוארוּם דוּא קָאנְסְט דָאךְ מִיר, אַז אִיךְ שְׁוַוייג, שְׁוַוייג אִיךְ, קָאם בְּרַיינְגְט מֶען מִיר אַרוֹיס פוּן טֶערְפֶּענְיֶע בִּין אִיךְ נִיט מֶעהר ווִיא אַיין זִינְדִיגֶער „בָּשָׂר וָדָם‟ יֶעדֶער מֶענְשׁ הָאט אִין זִיךְ אֵגַאל: נָאהר דִיא גאל זָאל הַס וְשָׁלוֹם פְּלַאצֶען, דָאס הָאט נָאט אוֹיךְ נִיט גִיהֵייסֶען:

אוּנ אסתר'ן וֶועל אִיךְ פַאר זָאגִין מִיטִין שְׁמָרַיינְגֶען וָוארְט אַז זִיא זָאל מִיט זלמענען קַיין גִישֶׁעפְטֶען הָאבִין, אַלֶע נַאכְט דַארְף אִיךְ זַיין צַסְטְרָאז בַּייא אִיר: גֵייא עֶפִין אִיהר אוֹיף דִיא טִיר, הַא? וָואס אִיז דָאס אַזוֹינְס מִיט אִיהר? זִיא אִיז גָאר אִין טָעוּת זִיא מֵיינְט אַז זִיא אִיז אֵפְּרִינְצֶעסִין, אָדֶער אַגְרוֹיס אַרְטִינֶע פְרַיילִין וָואס נָאךְ אֵיינֶע צוּ אִיר גְלַייכֶען אִיז נִיטָא, נֵיין שׂרה! זִיא דַארְף ווִיסֶען אַז דֶעם קַאפִּיטַאל וָואס אִיךְ הָאבּ גִיבְּרַאכְט פוּן צִיוִוינֶע טָאגְט שׁוֹין: אוּנ דָאס הָאבּ אִיךְ נָאר צוּ דַאנְקֶען דִיר שׂרה'לע מִיט דַיין טָאכְטֶער אסתר'ל, אִיהר בֵּיידֶע הָאט גִיוָואלְט אַבִּיסִיל אַלֶעבּ טָאן, הָאט אִיר מִיר פַארְדְרַייט דִיא קָאפּ אַז אִיךְ הָאבּ זִיךְ גָאר נִיט אוֹיס גִירֶעכֶענְט אוֹיף וָואס פַאר אַוֶועלְט אִיךְ בִּין;

אִיהר הָאט מִיר פָאר גִישְׁטֶעלְט גָאלְדֶענֶע בֶּערְג, אַז אִין סֶעאַד וֶועלִין מִיר מַאכִין גָאלְדֶענֶע גִישֶׁעפְטִין, אִין אַנא גְרוֹיסֶע שְׁטָאט מִיט אוּנְזֶער קַאפִּיטַאל, וֶועלִין מִיר קָאנֶען עֶקְסֶעסְטִירֶען, אוּנ מִיר וֶועלִין קָאנֶען עֶרְגֶרֵייכֶען אַצִיל פַאר אוּנְזֶער טָאכְטֶער, עֶרְשְׁט פוּן גְלִיק הָאט זִיךְ אוֹיס גִילָאזִין אַשְׁטְרִיק, מֶען זִיצְט אוּנ מֶען עֶסְט

דעם פארטינגען רוביל: און איך ווילט גאר ניט וויסען פון וואגען דאס ניט צו „פון דיא ציין אדער פון ביין“. און אסתריל איז גיווארען גאר איין סאדערקע אגיבארענע, זיא טוט וואס זיא וויל, זיא פרענט ביא קיינעם ניט, נאהר מיט וואס איז זיא אזוי פיל שולדיג אז זיא זעהט אז דיא מוטער פירט אזוי, טאנצט זיא נאך, „דער עפעלע פאלט ניט וייט פון בוימעלע“ זאגט די וועלט.

איציק! דוא האסט שוין אן גיהייבען צו דרשענען? וואס ווילסטו האבין פון מיר? נאהר וואס, בין איך „דיא כפרה העגדיל“ אז ער פאר דינט ניט בין איך שולדיג! ווייא וואלט גיוועזן למשל אז דוא וואלסט דא פארדינט, וואלט שוין גוט גיוועזן? בין איך אין דעם שולדיג! און וואס ווארפסטו מיר אויף אלעם מיט דיין טאכטער! זיא איז מיינע — און דיינע ניט? און וואס זעהסטו ארויס פון איהר גאט בעהיטע שלעכטעס, אי איציק! אהייסער טאטע ביזטו! וויא וואלט גיוועזן ווען דוא וואלסט גיהאט עטליכע קינדער וואלסטו זייא געוויס אויס געשטיקט, אז מען האט באבאשעם (בה״ש) — איין קינד טוט זיך אנעלכע גוואלדין! שעמען דארפסטו זיך אין דיין ווייטין האלדז, וואס איז זיא אפיצינקע? דוא דארפסט וויסין אז אסתר׳ל איז שוין גאט צו דאנקען ניינצעהן יאהר, און זייער אוואויל קינד. גילערינט וואס דיא צייט פאדערט, קלוג וויא דער טאג, שיין וויא דיא נאהנע, און דער צו איז זיא אין דיא גרויסע שטאט סעאד, ווילסטו אז זיא זאל זיצען אין שטוב! גוט אויס געפירט, אין גענענטהייל, דו דארפסט אליין זעהן אז זיא זאל האבין פארגעניגען און ווערין באקאנט מיט מענשען, ווייל קיין הונדערט טויזנד רוביל פאר מאגסטו ניט, און טאן עפעס אפראסטען שידוך איז ארחמנות אויף אונזער קינד אבער אז זיא וועט ווערין באקאנט מיט איהר גלייכען, קאן זיך מאכין וואס זאל פאסטין פאר איהר און פאר אונז, ווייל אין סעאד גיפינען זיך פיל מענשען וואס קוקין ניט אויף דיא געלט, נאהר אז דער פערזאהן גיפעלט זייא, זיינען זייא נאטאוו צו לאזין זיך קאסטין געלט, ווען דוא וואלסט גיוועזן אמענש מיט ארעבענונג וואלט איך ניט גיהערט פון דיר דיא ווערטער,

אבער אז דוא זוכסט נאהר געלט, אונ אפרויא אקינד שפילט ביא דיר קיין ראליע ניט קאן ווערין אנוטער סוף פון אונז, אזא יאהר אויף מיינע שונאים.

גוט אוים געפירט, האט איציק אוים גישריען מיט אשמייכעל— שעמען דארפסטו זיך אז דוא זאגסט מיר מוסר, וואו איז דאס ניהערט גיוואָרען אז אפרויא זאל שטענדיג זיין אין געסט, אין שטוב ביזטו אויך צנאסט, איך האב ניט ווער עס זאל מיט מיר אוואָרט אוים ריידען, אונ אסתר? איז שוין לאנג צפ גירעט וועגען איהר, איהר איז גיקומען צום לעבין, נאהר געדיינקט וואס איהר טוט! איך האב מורא אז איהר וועט חרטה האבין, עס וועט שוין אבער זיין נאך דער צייט, וויא קומען מיר צו קריכען הויך! אז מען קריכט צו הויך — פאלט מען אראפ טיף אין דער ערד" מיר דארפין זוכען אפארטייא פאר איהר, נאך אונז נאך, ניט קיין דאקטורים אדער אנדערע אזעלכע, ווייל עס איז גיט פאר אונזער קעפענע, אי וואס דוא ווילסט מיר — איין ריידין אז עס וועט זיך מאכען אן געלט, זאג איך דיר אז דאס איז פוסטע חלומות, מען וועט איהר צו זאגין, בכדי ער זאל האקען מיט ווערמען דיא צייט פארברייגען, אונ לסוף וועט מען נאך גוט אוים לאכען פון איהר, ווייל יעדער מענש וויל האבען אפרויא אווירטין, ניט קיין פיצקע געדיינקט וואס איך זאג אייך...

איציק! איך בעט דיר מיט נוטען צאפ מיר ניט מיין בלוט. טוא וויא דוא פ׳ רשטייסט. הייגנ אויף אשלאס אויף איר גאפינעט זאל זיא דארטען זיצען שטענדיג.

מען דארף אייך ביידין פארשליסין, ויא איז נאר ניט אזוי פיל שולדיג וויא דוא. דאס וועגט זיך אן אמוטער ניט אן אפאטער, ווייל איך בין דעם גאנצען טאג פאצטי גיטא צו חויזע, אונ דוא ווילסט אויך ניט קאנען דיא שטוב. קורץ מיר צאלין אומזיסטע דירה געלט, עס איז מיר אבושה אחרפה, אויף אדינגסט מיידיל לאזט מען איבער אהויז מיט אווירטשאפט. גידיינק שרה! ועת זיך ארום וואו דוא ביזט אין דער וועלט פילייכט וועט מען נאך קאנען

פאר חאפען אלעס, אונ פיר שוין אשטאט מיט אלעמען גלייך, דער עיקר זאל מען זלטענען נעבין דעם וועג פון שטוב, קאן געבין א— עס זאל גאך זיין אמיטיל אז מיר זאלין זיין מענשין, אונ איציק האט גינומען דעם שטעקיל אונ איז ארויס פון שטוב אין כעס. יעצט ליבע לעזער וועל איך אייך באקאנט מאכין דיא פערזאנען וואס האבין זיך דא אוים גיטשעפט הנם איר ווייסט אז דא האבין זיך אמאן מיט אפרויא דורך גירעט, דאך מוז מען וויסען ווער דיא פערזאנען זיינען, ווייל דאס וועט אונז צו גיך קומען צו די שפעטערדיגע קאפיטלען.

## 2.

## איציק דער שיינקער.

אין ציוויגע איז גיוועזן אשיינקער מען האט איהם גירופען איציק, זיין פרויא ש״ה האט אים גיבארען אטאכטער אויפין צווייטען יאהר נאך דער חתונה: דיא פרנסה איז דאן גיוועז זייער גוט, אונ איציק האט געפירט פאצטי אליין דעם גאנצין גישעפט, ווייל זיין פרויא שרה איז גיוועזן אגאנצע מאדאם, זיא פלעגט מעהר גיט וויא ביא דער קאסע זיצין.

זייער טאכטער האט מען גירופען אסתר׳ל, זיא איז גיוועזן זייער אשיינע קינד, מען האט איהר גיוויינטליך ערצויגען אין גרוים ווינאדע. ערשטינס איז זיא גיוועז איינע. צווייטינס זיינען דיא עלטערען גיוועזן גיוויינט צו לעבין ״ראסקאשנא״ אונ דער גישעפט איז גיגאנגען זייער גוט, אונזער איציק פלעגט אלע יאהר לייגען געלט אין באנק, ביז נאט האט אים גיהאלפען אז אין פארלויף פון צעהען יאהר נאך זיין חתונה האט ער געקויפט אהויז פאר צעהען טויזענד רוביל וואס ער האט אפ געצאלט מזומן אונ האט אויף דעם נאר ניט גיליען קיין פרעמדע געלט, ער איז גיוועזן אמענש מיט אלע מעלות ער האט גיקאנט אביסיל לערנען, גוט הערציג, צו טאן אטובה איז ער גיוועזן שטענדיג גענרייט, וועמען מיט געלט, וועמען מיט אנדערע זאכען: נאהר דיא וועלט האט גיזאגט אז ער

איז אַקאַרגער, אָבער אין אמת'ן איז ניט אזוי גיוועזען. ער האט פריערדע ניט פארנומען, נאר זיין רופיל האט ער פארהיט.

זיין פרויא שרה איז גיוועזען אין נאטור זייער אגוטע, נאר זיא איז גיוועזען בייא זיך זייער פארריסען: ניט מיט יעדערען האט איר גיפאסט צו האבין אגישעפט, נאר וואו זיא האט זיך גידארפט אויס פייגען— האט שוין קיין נעקט קיין ראזיגע געשפילט.

זייער טאכטער איז גיוועזען אגיראטענע קינד מיט אלע מעלות, אז זיא איז גיווארען אלט צעהן יאהר האט מען איהר גיגעבען גרויס בילדונג, אונ זיא האט זיך פלייסיג גינומען צו דעם; אין פערלויף פון פינף יאהר אז אסתר האט אן גיהייבען צו לערנען — האט זיא געהאט אגוטען נאמען אין ציווינע. זיא איז געגאנגען שטענדיג רייך געקליידעט, דער צו איז זיא גיוועזען זייער אשיינע אונ אונ אקלוגע, אונ אגיוואוקסינע, איהרע שווארצע אויגען מיט — איהרע שיינע האר האבען יעדער מענשען בעצויבערט, איהר שיינע טאלייע האבין אלע פריילינס איהר קנאה גיוועזען, הייגט האט זיא גיהאט אנעלטערע אויס שפראכע, מיט נועמען זיא האט זיך דורך גירעט, האט זיא יענעם צו זיך צו ניצוינגען וויא אמאגנעט, אז זיא איז גיוועזען אלט פופצעהן יאהר, האט זיא אויס געוויזען נאכין גיוואוקסען וויא אכצעהן יאהר, אונ דיא עלטערין האבין איהר געוויינטליך געהיט וויא דיא אויג פון קאפ.

דער פאטער פלעגט אויף פיל זאכען מאכען גרויסע "שאלות" אונ פלעגט זאגין שרה'ן אז אקינד טאר מען צו פיל ניט נאך געבין, אבער דיא מוטער אין געגענווארט האט איהר נאך גיגעבען נאך מעהר וויא פיל זיא האט גיפאדערט, זיא פלעגט איר פרעגין אסתר'ל פיליכט ווילסטו דאס, אונ דאס, אונ אסתר האט דיא מוטער אלעם דינג גיפאלגט, זיא האט דיא מוטער ניט גיוואלט אנטזאגען, ווייל אמוטער מוז מען פאלגען.

אז עס איז גיווארען אויס שיינקען, האט אונזער איציק דער שיינקער ניט געוואוסט וואס טוט מען, אבער ביים נאמען שיינקער איז ער געבליבען, יעדער מענשען רופט מען נאך

זיין אַרבעט נאך, אָדער וואס ער האט אַמאָהל גיטאָן.

שרה האט אויף גינעבין אַפּלאַן אַזויא וויא זייער טאָכטער איז שוין אַכצעהן יאָהר אַלט אונ גיראָטען אין אַלעס, איז דאָ פאר זייא קיין אָרט ניט, אין אַנרויסע שטאָט מיט זייער געלט וועלין זייא קאָנען האָבין זייער מנוחה.

איציק האט פאר קויפט זיין הויז אונ איז אַריין גיפאָרען אין סעאַד מיט צוועלף טויזינד רובּל, שרה מיט אסתר'ן האָבין דער זעהן אַנייע וועלט פאר זיך אַשטאָט מיט אַלע לוקסוסען אונ זייער אפּרייע שטאָט; זייא האָבען גידונגען אשיינה דירה, אונ מיט שיינע מעביל איין גישאַפט זיך, אונ איציק פלעגט גיט ווילענדיג שטעקין דיא האַנט אין קעסענע אונ נעבען נעלט, עס איז גיפלויגין דיא קערבּלעך וויא פעדערין; אונ אסתר האט באַקומען גוטע פאַדרונגעס, אויך שרה האט זיך אויף געזוכט מיט וועסען דיא צייט צו פאר בריינגען:

איציק האט זיך נעבעך נימוטשעט מיטען טוים, ער האט גיטאָן אַלעס, אָבער דער באַסאָד איז גרעסער פארין פריחאָד: ער האט פיל מאָהל גינעבין צו ערקלערען. אַז מען לעבט אָהן רעכענונג שטאַרבט מען אָן צייט נאָהר ער פלעגט באַקומען איין נוטע ענטפער דאַיינע ניט, ניט אַלע מאָהל וועט זיין אַזויא, קיינער פאר דינט יעצט ניט, עס וועט זיך איבער דרייען, נאָהר זאָרג ניט, זייא אַמענגש האָב פארגעניגען פאר דיין נעלט.

זוי פלעגט שרה איהם טרייסטען. אָבער איהרע רייד האָבין איהם אין הארצען גישטאָכען וויא שפּיזען. ער האט אַרויס גיזעהן אַז דיא שפּיל איז פארין טייפיל, אונ מיט נוטען וועט ער נאָר ניט אויס פיהרען, האט ער זייא איינינע מאָהל פאַרווירפע נעמאַכט, אָבער שרה מיט אסתר'ן האָבין זיך דער פון נאָר ניט געמאַכט וויסענדיג; איציק פלעגט אַרום גיין וועגין זיינע גישעפטין, אונ אסתר איז גינאַנגען וועגין איהרע גישעפטען, אונ שרה דאס גלייכן פלעגט אַמאהל אויך באַזוכען דעם פּולנאר מיט אסתר'ן, אַמאָהל מיט אירע אַפריינדין וואס פלעגט אָפט קומען צו

(דער וועליסאפעד) שרה'ן

שרה'ן, אונ אזוי האבען זיא גילעבט אלעבען וויא עס פאדערט אין סעאד.

3,

## דער וועליס-פערד.

איין מאהל איז גיזעסען איציק מיט שרה'ן אויף אכתר אין שטוב, דיא צייט איז גיוועזען זייער שיין, אללע בלומען פון סעאדער נאסען ווייגען ניוועזען מיט גרינג בלעטער אן גיטאן; דיא זאהנע האט דאן שוין גיוואלט געטען אפ שייד אונ ארייין גיין אין איהר שלאף ציממער; אלע סעאדער ווינען ניוועזן אויף דיא טרעטארען אונ יעדער מענש איז פאר נוסען, אייניגע פון זייא גייען וועגין גישעפט, אנדערע גייען שפאצירען, דאס איז דער בעסטער גישעפט, מיט אמאהל האט איציק דער זעהען וויא איינער איז פאר בייא זיין פענסטער אוועק גילאפען אויף צוייא רעדליך אין דער לייגג, אונ דער לאקער איז גיוועזען אויס גיבויגען.

אסתר! רופט זיך אפ איציק צו דיא טאכטער, דוא האסט גיזעהען ווער עס איז פאר בייא אונז אוועק גילאפען?

יא פאטער, איך האב דאס גיזעהען, גענויס זעהסטו דאס דעם ערשטען מאל נייל אין אונזער שטעטיל איז דאס ניטא. נאהר איך האב דאס שוין גיזעהען פיעל מאהל.

וויא רופט מען דאס? פרעגט איציק אסתר'ן.

דאס רופט מען, וועליסאפעד.

טפוי, טפוי, עפעס אדזיקער נאמען בייא מיין עהרען וואהרט, וועלישע נים האב איך גיזעהען אונ גינעסין, אבער וועליש-פערד דאס הער איך אונ זעה דעם ערשטען מאהל.

ניין פאטער, זאגט אסתר מיט אשמייכיל, דאס איז נים קיין וועלישע פערד, דאס רופט מען וועליסאפעד.

נוט אויס גיפירט! זאגט איציק מיט אביינער, וויא זאג

איך ניט אַזוֹיא? אַזאַ יאָהר אויף מײַנע שׂוֹנאִים וואָס פֿאַר אַפֿיינער נאָמען דאָס איז, עס איז דאָך צו לאַכען פֿון דעם, וועליספעד. חאַ—חאַ—חאַ— נוּא דער לעבט יאָהרען, נאָך צום שׁלימזל האָב איך נאָר ניט אויסגעפייעט צו באַמערקען וויא גיך דאָס לויפֿט, און וויא פֿאַלט מען ניט אַראָפּ, ווייל דיא רעדלעך זיינען אין דער לייננג וויא קאָן דאָס נאָר אַיין שׁטיין.

אסתר האָט דעם פֿאָטער גינעבין צו ערקלערען אַז מען לערינט זיך נאָר אויס גוט פֿאָרין, קאָן מען קיין מאָל ניט אַראָפּ פֿאַלען; און דאָס לויפֿט זייער גיך, קיין פֿערד קאָן דאָס ניט נאָך האַלטען, דער ווייל איז פֿאַר ביא זייער פֿענצטער נאָך צוויא וועליסאַפּעדין פֿאַר ביא גילאָפֿען, און איציק באַטראַכט דאָס מיט גרוֹיס וואונדער וויא זייא לויפֿען.

אַקלוגע וועלט! ניטאָ וואָס צו ריידען האָט איציק גיזאָגט צו אסתר׳ן מיט שׂרה׳ן, אַזאַ יאָהר אויף מײַנע שׂוֹנאִים וויא גוט דאָס איז, דאָס קאָסט דאָך גוטע געלט און מען שׁמעקט דאָך מיטין טויט דער מיט, אַפֿערד איז אויף פֿיר פֿיס טרעפֿט אויך דאָס ער פֿאַלט, בפֿרט צווייא רעדלעך, אַי וויא ניט גוט דאָס איז אַז מען זאָל אַנידער פֿאַלין אויף דיא שׁטיינער, מען קאָן שוין דער זעהן דעם זיבעטען הימעל, נאָר ווער פֿאַרט אויף דעם? ניט קיין שײנע מענשען, אַרוּם פֿרומע אידין איז דאָך אָפּ גירעט, וועלכער איד וועט זיך אַטוּואַגין צו פֿאָרען. נאָהר אַפֿילוּ קריסטען, וועט קיין פֿיינער מענש ניט לויפֿין איבער דיא גאַסין וויא אַמשוגענער. אט זעהט באַטראַכט נאָר מיט אַזינגען וויא זייא ווייזען אוים, אוים גיבוינגען אין דרייען, מאַכין מיט דיא פֿיס, דיא הוֹיזין פֿאַר קאַסערט, דיא קאָפּ צו געשמיט, גיבין ניט מיט דיא אויגין אַקוּק אָן אַוייט, אַזוֹי וויא דיא רוּחות ווייזען זייא אוים.

ניין פֿאָטער זאָגט אסתר, גראָדע פֿאַר קערט וויא דו רעכינסט, די שענסטע און ריכסטע און געבילדעסטע מענשען פֿאָרין, זאָגאר אידען פֿון די גרעסטע אינטעליגענטנע, נאָהר זיי לויפֿען זייער גיך איז אוּמעגליך צו באַמערקין ווער זיי זיינען.

אידין! אידין! וועלין לויפין איבער די גאסין! גייא—גייא נאר! דאס קאנען נאהר דיר—איין ליידין אבער ניט מיר, וויא גלויבסטו דאס אזא נארישקייט! געוויס האט מען פון דיר גילאכט, ווייל מען ווייס אז אקליין שטעטילשע גלויבט אין אלעס, אבער מיר וועט מען גאר ניט זאגען אזעלכע נאכען, הנם איך בין אויך ניט קיין הינער, דאך וועט מען מיר גאר ניט זאגין, ווייל מען ווייס אז איך בין ניט פון די „אני מאמינ'ס".

פאטער דו לאכסט פון מיר, אונ איך זאג די ווארהייט אז גע טאקקא אידען, אונ דיא שענסטע מענשען פארין, זאנאר פרויען צימער פארין אויך אויף דעם.

אי אסתר! גינוג דיר מיט דיינע קינדערשע גידאנקען, איך ווייס? וויא מיר שיינט נאך דיא יאהרין נאך האסטו גידארפט זיין ניט אזוי, הנם דוא ביזט ניט קיין סעאדערקע, דאך ביזטו דאך גיהאדעוועט גיווארען צווישען מענשען, וויא קומט דאס צו דיר אז דוא זאלסט אין דיא אלע נארישקייט גלויבען? צו דען וואס יענער זאגט מיר דארף איך גלויבען; אז מען וועט דיר זאגין אז אבער איז גיפלויגען אין דער הויך וועסטו אויך גלויבען, דעם איז גוט אז קיינער איז ניטא דא אין שטוב. וויא וואלט אבער גיוועזען ווען דא וואלטין גיוועזען פרעמדע מענשען, זייא וואלטין הערין דיא ווערטער, וואלטין זייא דאך גימאכט שפאס, אונ וואלטין גיוויס דער ציילען אז בייא איצטיגע צייטין וואס דיא וועלט איז גיבילדעט, געפינט זיך נאך גרויסע נארנים, לכן זעה תאטשע ניט צו ריידין אין אנדערע ערטער דיא קלוגע רייד:

אסתר זאגט דיא מוטער, גינוג דיר צו ריידין וועגין דעם, דוא קאנסט אים ניט? אים איבער ריידען איז אומעגליך דוא קאנסט ניט זיין נאטוהר! ער גלויבט קיינעם ניט, אונ ער האלט זיך קלינער פאר דער גאנצער וועלט, ווייטער זיינען אללע נאראים, ליידין אז מען זאל אים ברייגגען דיא „שול" אונ שווערין — וואלט ער אפשר גלויבין.

וואס פאסט דיר ניט אזוי שרה'לע! עס איז אפשר ליגין? בייא

אַיך איז דאָך אַיין גֶעפִּירְט וָואס אַיינֶער זָאגְט איז שוין , תּוֹרַת לָאקְשִׁין״ אַמֶענְשׁ דַארְף נִיט גְלויבִּין אִין אַזֶעלְכֶ׳ זַאכִין וָואס אִיךְ ווייס אַז דָאס קָאן נִיט זַיין .

פוּן וָואנֶען ווייסְטוּ אַז דָאס קָאן נִיט זַיין ? פְרֶעגְט שָׂרה .

פוּן וַואנֶען ! פוּן דֶעם וָואס יֶעדֶער מֶענְשׁ הָאט פַארְשְׁטַאנְד , אוּנ דֶער וָואס אִיז נָאהר אַמֶענְשׁ פַארְשְׁטֵייט עֶר וָואס עֶס קָאן זַיין , אוּנ וָואס עֶס אִיז אוּמֶעגְלִיךְ .

אויב אַזוֹי וֶועלִין מִיר דִיר בֶּוֵייזִין אַז דוּא וֶועסְט אוּנְז מוֹדֶה זַיין אַז מִיר זַיינֶען גֶערֶעכְט , הָאט שָׂרה גֶיזָאגְט .

אַדְרַבָּה , אִיךְ וָואלְט דָאס וֶועלִין זֶעהֶען וָואס אִיךְ הֶער , הָאט איציק גֶיזָאגְט מִיט אַמָאטִירְעשֶׁען טָאן .

# 4.

## דֶער לֶעהְרֶער .

אסתר אִיז גֶיגַאנְגֶען צוּ אַלֶעהְרֶער וָואס זִיא הָאט גֶילֶערִינְט בַּייא אִים פְרַאנְצוֹיז , אוּנ זִיא אִיז גֶיגַאנְגֶען אוֹיף אַיין אוּרְאַק צוּם לֶעהְרֶער וָואס עֶר פְלֶעגְט מִיט אִיר אוּנ מִיט נָאךְ אַפְּרֵיילִין גֶילֶערִינְט ; דִיא פְרֵיילִין הָאט מֶען גֶירוּפִין נאלדה . זִיא אִיז גֶיוֶועזֶען פוּן אַפֵיינֶע פַאמִילְיֶע , אִיהְרֶע עֶלְטֶערִין הָאבִּין גֶיהַאלְטֶען אַנַאלַאגְטֶערַיינֶעם מַאנַאזִין ; דִיא נאלדע אִיז גֶיוֶועזֶען זֵייעֶר אַזֶעלְטֶענֶע קִינְד , אוּנ מִיט אַלֶעם וָואס עֶס פֶארְט אַפְּרוֹיעֶן צִימְמֶער הָאט אִיר דִיא נַאטוּהר גֶישָׁאנְקֶען , קְלוּג . שֵׁיין . גוּט הֶערְצִיג ; אסתר מִיט נאלדען זַיינֶען גֶיוָוארֶען זֵייעֶר בֶּאפְרַיינְדֶעט , זֵייא פְלֶעגִין גֵיין גְלֵייךְ צוּם אוּרְאַק , אוּנ פְלֶעגִין צוּ זַאמֶען מַאכֶען דִיא אוּרָאקִין , אוּנ פְלֶעגִין אַיין גֵיין אַיינֶע צוּ דִיא אַנְדֶערֶע . נָאר שְׁפַּאצִירִין גֵיין פְלֶעגְט זֵייא אוּיס קוּמֶען נִיט אָפְט ; ווייל אסתר הָאט לִיבּ גֶיהַאט צוּ וֶוערִין אַלֶע טָאג בֶּאקַאנְט מִיט נַאיֶיע חַבְרוֹתָ׳ס . נָאר פוּן יוֹצא וֶוענִין פְלֶעגְט זִיא קוּמֶען צוּא

גאלדין איין מאל אין נאך איר פרינגלאסין דורך צו גיין; גאלדע האט דאס באמערקט, נאר זיא האט זיך גימאכט ניט וויסענדיג.

איין מאהל איז גיגאנגען גאלדע מיט דיא מוטער אין פארק, האבען זייא באגעגינט וויא אסתר גייט מיטען לעהרער שפאצירען. גאלדע האט גיזעהען אז אסתר דער קאנט איר ניט. נוט קלערט גאלדה, מען דארף זעהען אויב זיא וועט איהר דער צייל|ין אז דער לעהרער האט איהר פרינגלאסעט צו גיין שפאצירען — וועט זיא איר זאגין אז זיא זאל מיטין לעהרער ניט גיין, ווייל עס איז אומפאסיג פאר איר, נאהר זיא ווייס דאך ניט ווער ער איז, קומט דאס אויס ביא איר אז דאס איז איין ערהרע ווען דער לעהרער גייט מיט איהר:

אויף מארגין ווען אסתר מיט גאלדין זיינען געקומען צום אוראק, האט גאלדה באמערקט וויא דער לעהרער איז מיט איהר ניט וויא צו אשיהלערין, נאר זיא האט זיך געמאכט ניט וויסענדיג, אז זייא זיינען נעגאנגען צו הויזע, האט אסתר אויס געצייט דורך דיא ציינער אז דער לעהרער האט איהר פר גלאסעט אין טעאטער.

ווען איהר ווילט מיר פאלגין, זאלט איהר זיין פון דער ווייטין מיט אונזער לעהרער.

פאר וואס איז דאס אזוי? פרעגט אסתר.

פאר דעם וואס ער איז קיין מענטש ניט, ער איז דאך אקענער, אונ אשיינער יונג, אונ פאר דינט געלט, אבער ער איז קיין מענטש ניט.

איך בעט אייך גאלדעלע איהר זאגט מיר ארוים געבין וואס פאר אסארט מענטש דאס איז.

ער האט ליב אקערטיל, פארין אויפין וועליסאפעד מיט אפביילין, אלע טאג מיט אנאנדערע, מען קאן איהם גוט אין שטאט, קיין רעכטע פרויען צימער וועט מיט איהם קיינע באקאנטשאפט — האבין, אלזא זאלט איהר וויסין וואס איהר האט צוא טאן.

איך דאנק אייך טייערע גאלדה וואס איהר האט מיר אין

זַיְנֶען , וַוייל אִיךְ קָאן דָאךְ דָא קֵיינֶעם נִיט ׃

אִיהר דַארְפְט מִיר נִיט דַאנְקֶען , דָאס אִיז דֶער שוּלְד פוּן יֶעדֶער מֶענְטְשִין וָואס בְּלָאזֶעט — מוּז מֶען אִיהם אַרוֹיף פִירֶין אוֹיפִין גְלַייכִין וֶועג , בִּפְרַט מִיר זַיינֶען דָאךְ פַאדְרוּגֶעם ׃

אַז אסתר הָאט גֶענוּמֶען אָפּ שַׁייד אוּנ אִיז גֶעגַאנְגֶען צוּ הוֹיזֶע , קְלֶערְט זִיא בַּייא זִיךְ ; גַיין גאלדה דַיינֶע וֶוערְטֶער זַיינֶען נִיט אֶמֶת , דוּ פַאר-גִינְסְט מִיר נִיט , גִיוִויס פַאר—דְרִיסְט דִיר וָואס עֶר אִיז מִיט דִיר פוּן דֶער וַוייטִינְס אִיךְ בִּין אוֹיךְ אַמִיבְן אוֹיף אַמֶענְטְשִין אַזוֹי וִויא דוּ ; זַיינֶע זִיסֶע אוּנ קְלוּגֶע רֵייד פַאר נֶעמְט דָאךְ יֶעדֶער מֶענְטְשִין , הַיינְט זַיין גָאלְדֶענֶעם חַארַאקְטֶאר עֶס אִיז דָאךְ אַיין אוֹיס נָאהם , אַי וָואס עֶר הָאט לִיבּ צוּ גוֹלַייעֶן ? אַלֶע יוּנְגֶע לַייט זַיינֶען אַזוֹי ׃ בִּפְרַט נָאךְ אִין—אַזַא שְׁטָאט , קֵיינֶער אִיז נִיט בֶּעסֶער , אִיךְ וֶועל טַאקִי מִיט אִיהם הֵייראַטִין , אוּנ פַאר אִיהם וֶועל אִיךְ וִויסִין פוּן אַוֶועלְט ; אַה דוּ נַארִישֶׁע גאלדה , וֶועֶר פָארְט דָאס נִיט יֶעצְט אוֹיף אַוֶועלִיסַאפֶּעד ? דִיא גְרֶעסְטֶע מֶענֶער אוּנ דַאמֶען ; אַז דִיר פַאר דְרִיסְט יֶעצְט , וִויא וָואלְט זַיין אַז דוּא וָואלְסְט וִויסִין אַז הַיינְט וֶועל אִיךְ מִיט אִיהם פָארִין אוֹיפִין וֶועלִיסַאפֶּעד , קֵיין בֶּעסֶערִין חָתָן וִויל אִיךְ נִיט , עֶר אִיז שַׁיין , קְלוּג גוּטְהֶערְצִיג אוּנ הָאט אִין שְׁטָאט אַנָאמֶען ; זָאגַאר אִין דִיא וֶועלִיסַאפֶּעדְנֶע אָבְּשְׁצֶעסְטְוָוא אִיז זלמן בַּאוואוּסְט , גַיין גאלדה מִיר וֶועסְטוּ נִיט אַיין בַיידִין ׃

פוּן אָווינְט זֶעהן מִיר וִויא דֶער אוֹצִיטֶעל סאלאמאן (זלמן) אִיז גֶעקוּמֶען צוּ אסתר׳ן , אוּנ עֶר הָאט דִיא עֶלְטֶערִין אִיבֶּער גִיגֶעבִּין זַיינֶע מַיינוּנְגֶען אוֹיף אסתר׳ן אוּנ הָאט מִיט איציקין גִיפְּרוּבְט מַאכִין אַרֵייד אוֹיבּ עֶר הָאט אִין זִינֶען אִיהר תְּנוּעָה צוּ מַאכִין , איציק הָאט אִיהם גֶעזָאגְט וִויא דֶער אֶמֶת אִיז , אַז וֶוען עֶס וָואלְט זִיךְ גֶעמַאכְט וִויא עֶר מֵיינְט , וָואלְט עֶר גֶעוִוים גֶעטָאן ׃

קוּרְץ דֶער לֶערֶער אִיז גֶעוָוארִין בִּיסְלֶעךְ וַויים אַגַאנְצֶער „בֶּן-בַּיִת“ אוּנ פְלֶעגְט אַלֶע נַאכְט גַיין מִיט אסתר׳ן שְׁפַאצִירִין , אוּנ פְלֶעגְט מִיר אִיהר הִינְטֶערִין שְׁטָאט פָארִין אָפְּט אוֹיף זַיין

זעליסאפעד וואס ער האט געהאט פאר צווייא פערנאנגען, אונ איציק האט גאר ניט געוואוסט פון אזוי פיהל, נאר אז זייא גייען אמאל שפאצירין האט ער יא געוואוסט, ווייל ער האט זייא איינינגע מאל באגעגינד וויא זייא גייען; נאר שרה האט איהם געענטפערט אז דער לערער האט איהר פרינגלאסעס, אונ זיא האט זיך ניט געקאנט אנטזאגין; אונ אויף אלע געבט וואס זיא קומט שפעט, האט אסתר געזאגט אז זיא גייט מיט איהרע חברת׳ס, אונ פון יוצא וועגין פלעגט זיא קומען מארגין פון לערער מיט אפריילין, אונ זיא האט דעם פאטער געוויזין אז מיט דיא פריילין איז זיא געבטין גיגאנגען; אונ אזוי פלעגט אסתר שפילין דיא ראליע וויא אגיבארענע סעאדערקע, אונ דער פאטער האט אלעס "מקבל באהבה" געווען, ווייל ער האט בעסער ניט גיקאנט מאכין.

# 5.

## אסתר מיט זלמנ׳ן

מיר זעהן אויף "קוליקאלי פאלע" וואס דארטין איז דער פלאץ פון דיא וועליסאפעדין, וויא אסתר מיטין לערער לויפין אויף אוועליסאפעד אונ זיא האלט זיך פעסט אן, אונ נאך וועליסאפעדין לויפין אויפין דעם פלאץ.

וואס זאגט איהר אסתר׳ל האט זלמן געזאגט צו איהר אלעס אז ער איז אראפ פון וועליסאפעד, אונ האט איהר אויך אראפ גענומען אונ זייא האבין זיך געזעצט אויף אבאנק אונטער אבוים.

וואס זאל איך זאגין? איך בין וויא בייא געבארין פון דיא— פארנעניגען, איהר ווייסט מאראמאן, אז איך בין זייער צו פרידין, אונ בייא מיר איז דאס זייער אנגינעהם.

אי אסתר׳ל! וויא איך זע ארוים זייט איהר פון אונזער זארט מענטשין, איהר ווייסט וואס גוטעס איז, אבער עס איז דא אזעלכע פרויען וואס ווייסין גאר ניט וואס פארגעניגען איז,

ווִיא אוּמְגְלִיקְלִיךְ מִיר זַיינֶען אַז אַזאַ פְרוֹי פַאלְט אַרַיין אִין אוּנְזֶערֶע הֶענְט .

אִיךְ גְלוֹיבּ אַייךְ סאלאמאן , ווייל אִיךְ פִיהל נָאךְ זִיךְ נָאךְ דָאס נֶעלְבֶּע , ווִיא אוּמְגְלִיקְלִיךְ זַיינֶען דִיא פְרוֹיעֶן וָואס ווייסֶען פוּן דִיא אַלֶע לוּקְסוּסֶען , אוּנ פַאלֶען אַרַיין אִין פְּרָאסְטֶע הֶענְט .

אִיהר ווייסְט אסתר׳ל עֶס אִיז דָא אַמִיטֶעל .

צוּם בַּייא שְׁפִּיל , פְרֶעגְט אסתר .

מִיט דֶעם פֶּערְזָאהן וָואס מֶען קָאן זִיךְ גִים , דאַרְף מֶען נִיט חֲתוּנָה הָאבֶּין פַאר אִיהם .

גִיוִוים , אַזוֹי דַארְף זַיין .

אוֹיבּ אַזוֹי אסתר׳ל וָועלֶען מִיר ביידֶין אָפּ׳ן , מִיר קָאנֶען זִיךְ גִיט פוּן הַיינְט , ווִיא מִיר שַׁיינֶען זֶעהט אִיהר גוּט אַרוֹיס וָואס פַאר אַסָארְט מֶענְטְשׁ אִיךְ בִּין , אוּנ ווִיא אַפְרוֹי קָאן לֶעבֶּין בַּייא מִיר , אַלְזָא ווִיל אִיךְ ווִיסֶען פִילַייכְט אִיז אַייךְ אַנְגֶינֶעהם אַז אִיהר זָאלְט זַיין מַיין עֶוִוינֶער פְרַיינְד . . .

אסתר הָאט אַבִּיסִיל גִישְׁווִיגֶין , נָאכְהֶער זָאגְט זִיא אַזוֹי , אִיר דַארְפְט ווִיסֶ׳ן סאלאמאן אַז אִיךְ בִּין גֶעוֵוינְט אִין פַארְגֶעניגֶענְס , ווייל אִיךְ בִּין אַיין קִינְד , אוּנ מִיר הָאבִּין שׁוֹין פִיהל מָאהל גִירֶעט וָועגְין דֶעם , נָאר הַיינְט הָאט אִיהר אַטְקְרָאנֶועגֶע אַרוֹיס גִינֶעבִּין ווִיא מִיר שַׁיינְט ווייסְט אִיהר מַיין מֵיינוּנְג פוּן לַאנְג . . .

זלמן נֶעמְט אִיהר זִילְבֶּער הַאנְט אוּנ גִיט אִיהר אַקוּשׁ , אוּנ זָאגְט צוּ אִיהר מִיט דִיא וָוערְטֶער .

יֶעצְט בִּין אִיךְ גְלִיקְלִיךְ , אוּנ אִיהר וָועט אוֹיךְ זַיין גְלִיקְלִיךְ בַּייא־מִיר , נָאהר וָואס דֶען ? וֶוענְין אייעֶרֶע עֶלְטֶערְין ווייס אִיךְ נִיט ווִיא וָועט דָא זַיין .

אִין זַייעֶר אַיינְצִיגֶס קִינְדְס גְלִיק , וָועלֶין עֶלְטֶערִין גִיוִוים נִים שְׁטֶערִין , זָאגְט אסתר .

יָא דָאס אִיז רִיכְטִיג , דָאךְ קָאן גֶעבִּין אַז זַייא וָועלֶין מַאכִין פָארְווִירְפֶע אוֹיף דֶעם וָואס אִיךְ בִּין אַלֶעהְרֶער , ווייל אַייעֶרֶע עֶלְטֶערִין זַיינֶען פוּן אַקְלֵיין שְׁטֶעטִיל , מֵיינֶען זַייא אַז אַסְאַאדֶער

לעהרער איז גלייך וויא אקליין שטעטעלשער לעהרער.

דאָס זייט רוהיג סאלאמאן, מיינע עלטערין זיינען גאָר ניט אזוי וויא איהר רעכענט, מען ווייס גאַנץ גוט דעם אונטער שייד פון אַמענטשין ביז אַמענטשין, אונ פון אַקליינע שטאָט ביז אַגרויסע שטאָט; אַבאַווייז האָט איהר, ביא אונז ניט מען פאַר אַ אורחאָק צוויא רובל אַשטונדע, אונ דאָ קאָסט שוין אַסך טייערער.

אויב אַזוי אסתר׳ל זאָל שוין זיין אויס ראש חודש-איהר, עס זאָל זיין פון היינט ראש חודש–דוא.

איך בין זייער צו פרידין פון ראש חודש–דו, האָט אסתר גיזאָגט נאָר דער ווייל דאַרף דאָס זיין אין גיהיימעניס. ווייל מען מוז דאָך–האָבין ערלויבעניס פון דיא עלטערין, אַלזאָ זאָלט איהר דער ווייל–קיין שדכין ניט שיקין ביז איך וועל אייך איבער געבין, ווען דער פאָטער איז יעצט זייער באַשעפטיגט, אונ איך בין ניט קיין–אַלטע פריילין וואָס מיינע עלטערין זאָלין וועלין פטור ווערין פון מיר.

זייער גוט אסתר׳ל מיינע, איך וועל דיר פאָלגין, אָבער וואָרום–היטסטו ניט וואָרט.

וואָס מיינסטו דער מיט סאלאמאן?

יעצט איז שוין גוט, ענטפערט סאלאמאן.

איך פאַרשטייא ניט וואָס מיינסטו?

גאָר איין פאַך טייערע אסתר, מיר האָבין אָפּ גירעט עס זאָל זיין ראש חודש–דוא, האָסטו פאַר געסין אונ גיזאָגט–איהר, נאָהר דער נאָך האָסטו שוין געזאָגט-דו.

איך גלויב דיר סאלאמאן, גיוויינטליך איידער מען גיוויינט זיך אָפּ מוז געדויערין, מען קאָן ניט מיט אַמאָהל אָפּ געוויינען זיך פון אַנאָך וואָס מען איז איין געוויינט.

יאָ דאָס איז ריכטיג אסתר׳ל האָט סאלאמאן געזאָגט, אונ זייא האָבין זיך פאַר בראַכט ביז אוהר איינס, נאַכהער האָט ער

איהר צו גיפֿירט צום שטוב, אונ זייא האָבּין זיך פֿריינדליך גיזעגינגט אונ האָבּין אָפּ גירעט מאָרגין צו זאַמען קומען אויף דעם אָרט, ווייל בּייא אונזאַק קאָן מען ניט ריידין וועגין דעם, דען גאלדה איז דאָן דאָ.

אסתר האָט די גאַנצע נאַכט ניט גישלאָפֿין איהר איז פֿאַרגיקומען וואס פֿאר אַגליק איהר איז גישעהן: וואס פֿאר אַלעבּין אַראָפּשקאָסנעם זיא וועט האָבּין, אונ דוא גאלדה וועסט מיר מקנא זיין, אַי וועט דיר פֿאַרדריסין אַז דוא וועסט—קומען צו מיר—אונ דוא וועסט זעהן וויא ער שעצט מיר זייער, אונ ער פֿאַרשאַפֿט מיר אַלע פֿאַרגעניגען, אונ וויא מיר וועלין דאס פֿאַרין אויפֿין וועליסאפּעד, דען פֿאר אַזא פֿריילין וויא דוא בּיזט—אונ נאָך וואס זייגען גלייך צו דיר, פֿאַסט גיט קיין פֿערגעניגען, איהר ווייסט דען וואס פֿאַרגעניגען—איז? וואס גוט—קומט בּייא אַייך אוים שלעכט, איך ווייס יאָ וואס גוט איז, אונ איך וועל ... אונ מיט די ווערטער איז זיא אַיין געשלאָפֿין.

# 6.

## די בּאַגעגענעם

שבּת אוהר פֿינף נאָך מיטאג, איז איציק מיט שרה'ן גיגאַנגען שפּאַצירין אין פּאַרק, ווייל זייא זייגען נאָך דאָרטין גיט גיוועזן; אסתר איז דאן גיט גיוועזן צו הויזע, זיינען די עלטערין גיגאַנגען אָן איהר; אַז זייא זייגען גקומען אין פּאַרק, זיינען זייא דורך גיגאַנגען איינינע ערטער בּאַטראַכטין וואס דאָרטין גיפֿינט זיך.

גראָדע איז דאן אסתר גיזעסין מיט זלמנ'ן אונטער אַבּוים וואס איז גיוועזן בּאַדעקט מיט גידיכטע צווייגין אונ מיט שיינע בּלעטער, אונ די יונגע פֿאר האָבּין גישעפּט גרוים פֿאַרגעניגען, מיט אַיין האַנט האָט זלמן געהאַלטין אַרום גענומען אסתר'ן, אונ די צווייטע האַנט איז גיוועזן פֿאַרנומען מיט אַפֿאַרריכערטין

פֿאפּיראָס ; איציק מִיט שׂרה'ן זיינען גִינאַנגען פֿאַר בּייא דָעם הוֹיז , אונ—האָבּין נאָר נִיט בּאַמערקט וואָס דאָרטין טוט זיך , גְראַדע דאָרף—איציק בּאַגעגנען וויא צְוַוייא אִינגְלִיך רייכערין פּאַפּיראָשין .

יוּנגאַצעס ! האָט איציק אוֹיס גִישְׁרִיען , היינט אִיז דאָך שַׁבָּת , אַפּ גִיעבּארט זאָל ווערין אייערע מיילער , בּרענגען זאָלט אִיהר טְרֵיפֿגֶלְט וויא די'א פֿייער פֿון פּאַפּיראָס .

קאָנט אִיהר מַיין רַב ! האָט אַ אינגיל אִיהם גִיעֶנטפֿערט בּייז , אִיהר זַייט בּעסער ? נייט זעט וויא אייער חָתָן רייכערט ווָעט אִיהר נִיט שְׁטְראָפֿין דעם צְוַויִיטין , אוֹיף אייערע קינדער קאָנט אִיהר זאָגין אַ דֵעה , אָבּער נִיט אוֹיף אונז .

איציק קוּקט אִיהם אָן וויא אַמְשׁוּגָעם .

וואָס קוּקט אִיהר אוֹיף מִיר וויא אַ וואָלף אוֹיף אַשְׁעפּעלע ? אִיהר מאַכט זיך נִיט ווִיסענדיג , אָבּער זעהט אִיהר דאָך אַז מִיר ווייסין יָא .

יוּנגאַץ ! האָט איציק גִעשְׁרִיען צוּם אינגעל , וואָסער חָתָן ... וואָסער חָתָן ? אַז אִיהר זַייט יָא אַזאַ חָכָם—קוּמְט ווָעל אִיך אַייך ווַייזין , אונ פֿירט אִיהם צוּ צוּם בּוֹים אונ זאָגט אִיהם נִיט נאָר אַקוּק ווָעט אִיהר מִיט מִיר מאַכִין טייניגער טַעֲנוֹת .

הֶעלֶעבּין איציק אִיז גִיווָען אַפּגעקן אַקוּק גִעבּין וואָס דאָרטין טוּט—זיך , אָבּער וויא פֿינצטער אִיז אִיהם גִיוואָרין אִין דיא אוֹיגין אַז ער האָט גִעטְראָפֿין וויא דיא יוּנגע פּאַר פֿאַרבְּרֵיינגען זיך לוּסְטִיג , אונ דער צוּ מִיט אַפּאַפּיראָס אַפֿאַרבַייכערטין : עס אִיז אִיהם גִיוואָרין פֿינצטער אִין דיא אוֹיגין , ער אִיז גִיבְּלִיבּין שְׁטֵיין וויא אַשְׁטַאטוּע אַהִיפּשׁע צייט ער האָט אַוואָרט נִיט גִעקאָנט אוֹיס ריידין , אָבּער אסתר'ס מִיט זלמנ'ס שְׁרעק אִיז גִיווען נאָך גְרעסער , אַז זייא האָבּין דער זעהן אוּמְגִירִיכְטֶער הייט וויא מֶען אִיז זייא בּאַפֿאַלין ; זלמן אִיז פֿוּן גְרוֹיס שְׁרעק אַנְטְלאָפֿין , אונ אסתר אִיז גִיבְּלִיבּין זיצין צוּ מִישְׁט—אַוואָרט האָט זיא נִיט גִיקאָנט אוֹיס ריידין ;

(וועליסאפעד) אז

אַז איציק איז גיקומען צו זיך, זאָגט ער צו אסתר׳ן מיט דיא ווערטער.

וויא קומסטו אַהער? וואס טוסטו דאָ?

אסתר האט ניט געקאנט ענטפערין פון שרעק.

דיר פּאַסט שוין מיט מיר ניט צו ריידין? געוויינטליך עס איז דאָ בילכערע וויא איך האט דער פאָטער גיזאָגט.

איציק! האט שרה גיזאָגט, מאך דאָ ווייניגער טענות, עס איז דאך מיאוס פאר מענטשין; דאָ גייען דאך טויזענדער מענטשין, אונ דו אסתר קום מיט אונז שפּאַצירין.

מיט ציטערדיגע הענט אונ פיס איז אסתר אויף געשטאַנען פון איהר אָרט, אונ ניט ווילענדיג איז זיא גיגאַנגען, דיא אויגען זיינען איהר געוועזן פינצטער; זיא איז נאָך איהר גיגאַנגען ווייל דיא מוטער האט איהר געהאַלטין געאַרימט, אונ דער פאָטער איז גיגאַנגען פון דער צווייטער זייט, איז זיא אויך גיגאַנגען, אָבער דיא אויגען איהרע האבין ניט געזעהן וואו דיא פיס גייען.

אַז זייא זיינען גיגאַנגען פון פּאַרק צו הויזע. האבין זייא באַגעגענט וויא גאלדה גייט מיט איהרע עלטערין שפּאַצירין.

גוט שבת, האט גאלדה גיזאָגט אסתר׳ן פאר ביא גייענדיג, אָבער אסתר האט איהר גאר ניט געענטפערט, ווייל זיא האט געמיינט אַז גאלדה האט דאס דער ציילט איהרע עלטערין.

אַז זייא זיינען געקומען צו הויזע, האט שרה גיפרעגט אסתר׳ן וואָרום האט זיא ניט באַקומען קיין אַנטוואָרט פון דיר? זיא האט דיר געזאָגט גוט שבת, האסטו איהר געדאַרפט ענטפערין, זיא איז דאך אַטאַטינס אַקינד אונ דער צו אַוואויל קינד.

אַזוי לאַנג איך וויל איהר מעהר ניט זאָגין—וויא לאַנג איך וועל מיט איהר ריידין! דיא שעלמא, פּאַרשיווא! דוא מיינסט איך ווייס ניט אַז זיא האט מיר דאס צו גידינגט; נאָר איך וועל איהר ווייזין ווער זיא איז אַז זיא . . .

וואס ווילסטו פון איהר האבין? האט שרה איהר איבער געשלאָגין איהר באַזנאַוואר, יענע ווייס געוויך ניט פון וואס צו זאָגין,

אדרבה—זיא איז דאך דיינע דיא בעסטע פריינדין .

אזא גוטער פריינד זאל גאט איהר זיין וואס פאר אגוטער—פריינד זיא איז מיר, מיר מאמא נארין ווייסטו דאך אז איך לאז זיך ניט .

אסתר ! דו זאלסט אויף הערין צו קאמאנדעווין, טאטער גוויס—קיינער ניט—ווילסטו אז אלע זאלין וויסין ; וויא עס ווייזט אויס—איז דאס ביא דיר דיא גרעסטע עהרע .

גיוויס ! מעהר עהרע וויא צו גיין מיט נאלדין .

זעהסטו דאך אז זיא גייט ניט אן דיא עלטערין .

זיא גייט ניט , גיוויס ניט — ווייל קיינער וויל מיט איהר ניט גיין .

אי אסתר ! גינוג דיר צו זיין פאר פירט , שוין צייט דוא זאלסט זיך ארום זעהן , יעצט קאנסטו נאך פאר חאפין , אונ דוא קאנסט נאך דערגרייכין דיין גלייכין .

איציק האט אוואַרט ניט גירעט דיא גאנצע צייט וואס שרה—האט מיט אסתר'ן געהאלטין זייער ראזגאוואר , ער האט נאהר געהערט זייער טענות , אונ ער האט פארשפארט צו ריידין , ווייל שרה האט איהר גימוסר'ט , נאר ביא זיך האט ער גיקלערט אז גאלדה מוז עפים יא וויסין , ווייל אסתר מיינט דאך אז זיא האט אונז אינטער—געשיקט , מסתמא ווייס זיא דאך וואס זיא מיינט ; דאס מוז מען זעהן צו ערפארין ריכטיג , פילייכט איז דאס נייטהיג צוא וויסען .

# 7.

## אסתר מיט זלמן .

אוים לעהרער ! האט איסאק זונטאג געזאגט צו אסתר'ן , איך האב זיך גיבעטין ביא דיר שרה'לע אז מען זאל איהם געבין דעם וועג : הלוואי וואלט איהר מיר דאן גיפאלגט—וואלט גיוועזן

צוּ-וְואוֹיל צוּ אוּנְז אַלֶעמֶען , דֶער שַׁארְלַאטַאן ! טְרֵייפְּנַאק ! הוּלְטַאי , אַמְצְנָה אָן אִיהם וִויא אָן הוּנְט ! אִיךְ וֶועל בַּאקוּמֶען אַלֶערְהַאנְד צַאיין אָרִינְטְלִיכֶען מַאן—וָואס עֶר וֶועט לֶערְנֶען וִויא נִיהֶערִיג אִיז ;

אוּנ דִיר אסתר בֶּעט אִיךְ וִויא אַפָּאטֶער אַקִינְד , אַז דוּ זָאלְסְט מִיר פָאלְגִין , דוּ זָאלְסְט נָעהְן מִיט דֶעם שַׁארְלַאטָאן נִיט צוּ בַּאגֶעגֶענֶען זִיךְ , וִויא קוּמְסְטוּ צוּ אִיהם ? דוּ בִּיזְט דָאךְ עֶפִּיס וִויא מֶען זָאגְט , אַמֶענְטְשׁ ; אוּנ עֶר אִיז אַהוּלְטַאייא , מֶען שְׁטֶעלְט מִיר פָאר זֵייעֶר שֵׁיינֶע שִׁידוּכִים , נָאהר גֶעוֵוייןנְטְלִיךְ עָס ווִילְט זִיךְ דָאךְ נִיט חַאפִּין , מֶען הָאט סַךְ הַכֹּל אַיין קִינְד ווִילְט זִיךְ בַּאוָוארֶענֶען וִויא וַוייט מֶעגְלִיךְ אִיז , אַלְזָא זֶע אסתר וָואס דוּ הָאסְט וָואס צוּ טָאן , מֶען דַארְף גֵיין שְׁפַּאצִירִין , אָבֶער מִיט וֶועמֶען עָס פַּאסְט , דִיא וָואךְ וַוארְט אִיךְ אוֹיף אַבְרִיף פוּן סערחאַן וָואס אַשַׁדְכִין הָאט מִיר פָארְגִישְׁטֶעלְט אַפַּארְטַייא גָאר פוּן דִיא שֶׁענְסְטֶע מֶענְטְשִׁין , דֶער חָתָן אִיז גִירָאטִין אִין אַלֶעם , אַשֵׁיינֶער יוּנְג , אוּנ קֶען שְׁפִּילֶען אוֹיפִין פִידִיל , דָאס אִיז טַאקֶע שֵׁיין אִין גוּטֶען אוֹיפִין ; דִיא עָלְטֶערִין גִיבִּין דֶעם חָתָן דְרַייא טוֹיזִינְט רוּבִּיל מִיט אַגְרוֹיסֶע אָבְּסְטַאנָאוְוקֶע מֶען שְׁטֶעלְט זַייא פָאר גְרוֹיסֶע שִׁידוּכִים מִיט אַסַךְ גֶעלְט , נָאהר מֶען הָאט דֶעם חָתָן פָאר גִישְׁטֶעלְט אַז דוּ בִּיזְט אַזָעלְטֶענֶע קִינְד , אוּנ עֶר וִויל אַשֵׁיינֶה , אִיז עֶר סַאגְלַאסְנֶע מִיט אוּנְז—צוּ טָאן מִיט צְוַייא טוֹיזִינְד רוּבִּיל , אֵיידֶער אַנְדֶערְס וואוּ מִיט מֶעהר גֶעלְט .

לִיבֶּע לֶעזֶער גִיווִיס מֵיינְט אִיהר אַז אִיצִיק'ס וֶוערְטֶער הָאבִּין גֶעווִירְקְט אוֹיף דִיא טָאכְטֶער , נָאר עָס אִיז אַטָעוּת אִין פְּשַׁט ; דִיא צַייט וָואס עֶר הָאט מִיט אִיהר גִירֶעט , אִיז זִיא גִיוֶוען פַארְקְלֶערְט וֶועגִין זלמענ'ן , וִויא קָאן מֶען אִיהם זֶעהְן ? גְעווִיס אִיז עֶר אוּמְרוּהִיג פוּן נֶעכְטִיגֶען בַּאַאל , וִויא דֶער לֶעבּ אִיךְ אִיהם צוּ בַּארוּהִיגֶען , אַךְ סאלאמאן ! אַפִּינְצְטֶערֶער וָואלְקִין הָאט זִיךְ פַארְצוֹיגִין אוֹיף אוּנְזֶער לִיכְטִיקֶען הִימֶעל , נָאהר מֶען מוּז קָאנֶען לַיידִין—בִּיז דֶער וָואלְקִין וֶועט אַרִיבֶּער גֵיין אוּנ עָס וֶועט זִיךְ אוֹיס לַייטֶערִין .

(ווערימ אַפּעד) פאר

פָאר גֶאכְט זֶעהְן מִיר וִויא אסתר מִיט זלמנ'ן גֵייעֶן אַרוּם
אוּנ וַוארְפִין מִיט דִיא אוֹיגְין אוֹיף אַלֶע זַייטִין, וַוייל זַייא דוּכְט זִיךְ
...ז מֶען הִיט זַייא.

וִויא וֶועט יֶעצְט זַיין זלמן? פְרֶעגְט אסתר.
דוּ פָאלְג מִיר טְהַייעֶרֶע אסתר וֶועט רֶעכְט וֶוערִין.
גִיוִויס וֶועל אִיךְ דִיר פָאלְגִין טְהַייעֶרֶער סאלאמאן.

לָאז דוּרְךְ אֵיינִיגֶע טֶעג, זַייא בַּייא נַאכְט צוּ הוֹיזֶע-גָאהר
מִיר צוּ בַּארוּהִיגִין זָאלְסְטוּ קוּמֶען צוּ מִיר, אִיךְ וֶועל דִיר גִיט אָפּ
הַאלְטִין קֵיין סַךְ. אַז עֶס וֶועט אַיין גֶעשְׁטִילְט וֶוערִין בַּייא אַייךְ אִין
שְׁטוּב, דַאן וֶועלִין מִיר זֶעהְן וָואס מִיר הָאבִּין וָואס צוּ טָאהן, דֶער
וַוייל מוּז זַיין אַזוֹי.

אסתר הָאט גֶעפָאלְגְט זלמנ'ן, זִיא פְלֶעגְט מֶער נִיט צוּ גֵיין
אוֹיף אֵיינִיגֶע מִינוּטִין צוּ אִיהם לֶעבִּין וַואגְזַאל, וַוייל דָארְטִין פְלֶעגְט
עֶר פָארִין אוֹיפִין וֶועלִיסאפֶּעד, אוּנ זִיא פְלֶעגְט גֵיין גְלַייךְ אַהֵיים,
אוּנ דִיא מוּטֶער פְלֶעגְט זִיךְ מִיט אִיר דוּרְךְ גֵיין אַבִּיסִיל; נָאהר דֶער
פְרַייעֶר מוּטְה אִ'ז פוּן אִיהר אַרָאפּ, זִיא פְלֶעגְט זַיין זֵייעֶר פַארְקְלֶערְט;
דֶער פָאטֶער פְלֶעגְט אִיהר זֶעהְן שְׁטֶענְדִיג צוּ הוֹיזֶע אִיז עֶר
גֶעוָוארִין גָאר אַנאַנְדֶער מֶענְטְשׁ, גֶעוִויס הָאט זִיא חֲרָטָה אוֹיף אִיהר
נַארִישֶׁען אוֹיפְפִירוּנְג פְלֶעגְט עֶר קְלֶערִין בַּייא זִיךְ, עֶר הָאט גֶענוּמֶען
אַלְעהָרֶער וָואס פְלֶעגְט קוּמֶען צוּ זַייא אִין שְׁטוּב, אוּנ זִיא פְלֶעגְט
לֶערְנֶען וִויא גִיהֶערִיג, נָאהר אַלֶע אָווִינְט פְלֶעגְט—זַא צוּ גֵיין צוּ
זלמנ'ן אוֹיפִין פְּלַאץ, אוּנ פְלֶעגְט זִיךְ מִיט אִיהם זֶעהן אַקוּרְצֶע
צַייט, אוּנ זִיא פְלֶעגְט גְלַייךְ גֵיין אַהֵיים: אַזוֹי הָאט זִיךְ גֶעצוֹיגִין
אֵיינִיגֶע טֶעג, נאכְהֶער פְלֶעגְט זִיא זִיךְ דוּרְךְ פָארִין אוֹיפִין וֶועלִיסאפֶּעד
אָבֶּער גָאר אַקוּרְצֶע צַייט, אוּנ זִיא פְלֶעגְט גְלַייךְ גֵיין אַהֵיים: אַמָאהל
פְלֶעגְט זִיא זִיךְ דוּרְךְ גֵיין מִיט אִיהם אוּמְגִיפֶעהר אַשָׁעָה צַייט נִיט
מֶעהר, אוּנ אִין שְׁטוּב הָאט מֶען דָאס גָאר נִיט בַּאמֶערְקְט מֶען הָאט
אִיהר שׁוֹין נִיט גִיהִיט, וַוייל זִיא פְלֶעגְט זַיין אִין שְׁטוּב.

(וועלִיסאפּעד) עֶם

עֶס אִיז אִיבֶּער גִילָאפֶּין אַמָאנְהַייט צַייט וְויא אסתר שְׁפִּילְט דִי רָאלְיֶע זַייעֶר קְלוּג , אוּנ דִי עֶלְטֶערִין זַיינֶען זַייעֶר צוּ פְרִידִין פוּן דֶעם , בִּיז עֶס אִיז גִיקוּמֶען דֶער שַׁדְכָן , וָואס הָאט זַייא פַאר גִישְׁטֶעלְט דִיא פַּארְטִייא פוּן „סערחאן" אוּנ הָאט גִיבְּרַאכְט אַ בְּרִיף פוּן חתנ'ס עֶלְטֶערִין — אַז זַייא פַארְלַאנְגֶען אַפְּרִינְגְלַאסֶענֶע וָועלֶען זַייא זִיךְ קוּמֶען זֶעהן .

זַייא הָאבֶּין גִיהַייסִין דֶעם שַׁדְכָן קוּמֶען מָארְגֶען וָועלֶען זַייא אִים גֶעבִּין עֶנְטְפֶער , וַוייל אסתר אִיז דַאן נִיט גִיוָועֶן צוּ הוֹיזֶע , וַוייל דַאן וָוען דֶער שַׁדְכָן אִיז בַּייא זַייא גִיוָועֶן , אִיז אסתר גִיוָועֶן פַאר-נוּמֶען מִיט אִיהר וִויזִיט בַּייא זלמנ'ן , אַז זִיא אִיז גִיקוּמֶען צוּא הוֹיזֶע הָאט מֶען אִיר אִיבֶּער גִיגֶעבִּין דִיא נַאכְרִיכְט , אַז חתנ'ס עֶלְטֶערִין פָאדֶערִין אַפְּרִינְגְלַאסֶענֶע — וָועלִין זַייא זִיךְ קוּמֶען זֶעהן .

אסתר'ן הָאט דִי נַאכְרִיכְט נָאר נִיט גִישְׁמֶעקְט , נָאהר דִיא עֶלְטֶערִין צוּ בַּארוּהִיגֶען הָאט זִיא גִיפַּאסְט מוּטְח אוּנ הָאט אַזוֹיא גֶעזָאגְט :

לִיבֶּע עֶלְטֶערִין דָאס מוּז מֶען אָפּ צִיעֶן אַפָּאר טֶעג , נִיט גְלַייךְ גֶעבִּין עֶנְטְפֶער וַוייל עֶס פַּאסְט גִיט , עֶס וָועט אוֹים קוּמֶען נֶעגִין זַייא אוּמְפַּאסִינ , חאפּ , לַאפּ , אַי וָואס אִיהר הָאט דֶעם שַׁדְכָן צוּ גִיזָאגְט גֶעבִּין מָארְגִין עֶנְטְפֶער ; וָועט זַיין נוּט מִיט אַטָאג שְׁפֶּעטֶער , אַזוֹי אִיז מַיין מֵיינוּנְג — אוּנ אַזוֹי בַּארְף זַיין .

זֶעהסְטוּ אסתר וָואס אָמָת קָאן מֶען גִיט אַוֶועק מַאכֶען אוּנְטֶערִין הַאנְט , דוּ בִּיזְט גִירֶעכְט אַזַא יָאהר אוֹיף מִיר , הָאט דֶער פָאטֶער גִיזָאגְט , מִיט אַפְרֵיילִיכֶען טָאן .

אָבֶּער אסתר'ס מֵיינוּנְג אִיז גִיוָועֶן אַנְדֶערְס , זִיא מוּז זִיךְ זֶעהן מִיט אִיר טֶענְצֶער זלמנ'ן .

פוּן אָווינְט זֶעהן מִיר וְויא אסתר גִיט אִים אִיבֶּער דִיא נַייס .

וָואס שְׁרֶעקְסְט דוּ זִיךְ אַזוֹיא אסתריל .

וָואס טוּט מֶען ?

דוּא מוּזְט מִיט שְׁטִימֶען מִיט דִיא עֶלְטֶערִין אַז זַייא זָאלֶען

(וועריסאפ׳ד) קוּמֶען

קומען אונ נאכהער וועסטו זאגען אז דיר גיפעלט ניט, גיוויינטליך דיא עלטערין וועלען דיר גיט נייטין, אונ דאס איז אגוטער תירוץ, ווייל דאס טרעפט דאך איידער מען טוט אשידוך זעהט מען איבער פיל חתנים, אונ די עלטערין וועלען דיר גלויבען, דער ווייל וועסטו פטור ווערין אין גיטען אופן, אונ דיא עלטערין וועלען צווא דיר גאר ניסט האבען.

דו ביזט גערעכט מיין טייערער אזויא מוז איך טאן, זיא האט גינומען אפשייד אונ איז גינאנגען צו הויזע.

8.

## משה מעלצער.

אין איין גרויס ארטינע הויז אין דער שטאט „סערחאן" זיצין ארום ארונדין טיש אייניגע פערזאנען אונ מען טרינקט טייא?

משה! ווען וועלין מיר פארען אין סעאד?

דו ווייסט ניט ציפה אז מיר מוזען פארין מארגין, ווייל זייא ווארטען דאך אויף אונז מארגין אוונט. דער פאראחאד גייט אפ אכט אין דער פריה, וועלין מיר קומען אין סעאד פיר נאך מיטאג, וועלין מיר זיך ביז נאכט אויס רוהען, אונ מיר וועלען נוט נאך פרעגין אויף זייא, הגם בייא וועמען איך האב נאך גיפרעגט די וואס קאנען זייא, זאגען אלע אז דאס איז גאר איין אויס נאהם, דאך וועלען מיר נאך פרעגין בייא אונזערע פריינד, אין אווינט וועלען מיר זיין בייא זייא.

וואו וועלין מיר אביין פארען פון פאראחאד? האבין גיפרעגט ציפה מיטען חתן.

איך ווייס אויך ניט, גאהר איך רעכען אז מען דארף אביין פארען צו בעריל קראנץ, ערשטינס איז ער אפבריינט, צווייטינס איז ער נייער אוואוילער מענש, ווען ער קומט דא צו אונז אין שטאט

איז שטענדיג ניין אָרט בייא אונז, אונ ער האט גיגעסין טויזינד מאהל אז מען וועט זיין אין סעאד — זאל מען צו אים פאר פארין, פאסט ניט געגין אים, ער וועט גיוויס פאריביל האבען אונ ער וועט זיין גירעכט וויא דיא וועלט.

דו ביזט גירעכט משה, זייער אנוטער פּלאן, דארטען וועט זיין זייער גוט, אויסער אלעס וועלין מיר זיין זייער גרויס ארטינגע געכט, היינט שטעל זיך פאר אז ציר'ל וועט אונז דער זעהן וואס וועט זיין, זיא וועט פשוט ניט וויסען וואס צו טאן, זיא איז דאך זייער אפריינדליכע פרויא, זיא מיט מיר אהא! וויא צוויא שוועסטער, היינט זייער גאלדעצקע? וועד ווייס וואס פאר אשיין קינד זיא סוז זיין, בעת איך האב איהר גיזעהן איז זיא אלט גיוועזען ערך אניאהר צעהן, איז זיא גיוועזען אקארטינגע, גיוויס מוז זיא יעצט זיין אנעלטענגע קינד.

וויפיל יאהר איז גאלדע יעצט אלט? האט משה גיפרעגט דיא פרויא.

איך וועל דיר באלד זאגען, אונזער אברעמיל איז עלטער פאר איהר מיט פיר יאהר, ער ווערט 22 יאהר חצי אלול, איז גאלדעצקע אכצעהען יאהר, איך גידיינק אזויא וויא היינט, אז גאלדע איז גיבארען גיווארען בין איך דאן געפארען אויפין מזל טוב, איז אברהם דאן געוועזען פערטע יאהר, מיר וועלין דאך איבירצעשעם זיין דארטען מארגען בין איך אבצלן אוים צוא פירין זיך מיט צירלען, נאהר מיר איז אוואונדער וואס בעריל קראנץ טוט ניט קיין שידוך מיט דיא גאלדיצקען, ער איז דאך אפארטעג־ליכער מאן, אונ דיא גישעפטין גייען איהם אן עין הרע זייער גוט.

דו רעדסט וויא א אידענע ציפה, וואס האט ער זיך וואס צו היילין? זיא איז נאך איונגע קינד, ער וועט ניט פאר זאמען איר חתונה צו מאכין, בפרט די פיל קינדער וואס ער האט? סך הכול פאר מאגט ער צוויא אינגלעך מיט דיא גאלדעצקען, דאך

כאן נעבען אז עס וואלט זיך אים גימאכט פאר דער סאנט וואלט ער פילייכט גיטאהן.

עס קאן זיין, זאגט ציפה צום מאן, איך וואלט זיך שוין וועלען זעהן מיט צירלען אונ מיט גאלדען.

מארגען אז גאט וועט לאזען לעבען, וועלען מיר זיין דארטען, נאר דער נוייל גרייט צו ציפה וואס עס פאדערט אין וועג נוייל מארגען גאנץ פריא מוזען מיר "בלי נדר" פארען.

דאס וועט שוין רעכט ווערין, האט ציפה גיזאגט, מען דארף היינט צו גרייטין אלעס, נוייל מארגען וועט ניט זיין קיין צייט, דען צכט פריא נייט אפ דער פאראחאד, אונ מיט דיא ווערטער איז זיא אריין אין קיך, זאגען וואס אן צו גרייטען אין וועג אויף מארגען פריא.

# 9.

## אסתר'ס מפלה.

לעבין נאגאל אויפען פלאץ וואו דיא וועליסאפעדין לויפען, זעהן מיר וויא עס ליגט א וועליסאפעד אויף דער ערד, לעבען אים ליגט אפעיילין אונ שרייט ניט מיט איהר קול, אונ פון דער צווייטער זייט וועליסאפעד ליגט איונגער מאן מעהר טויט וויא לעבעדיג.

דעם איזוואשציק ארעסטירט האבען נישריען טויזענדער קולות, עס איז גיווארען אליארים, אגיפילדער, עס זיינען אן גילאפען אנרויסער גאראד, אויך נארדאוואיעס זיינען גיקומען, מען האט אן גיהויבען צו דער לאנגען סיגנאלין אז מען זאל דעם איזוואשציק ארעסטירען וואס איז אנטלאפען.

אדאקטאר! אדאקטאר! האבין נישריען די וועליסאפעדניקעס (וועליסאפעד) דעם

דֶעם אִיזְוָואשְׁצִיק וֶועט מֶען שׁוֹין אַרֶעסְפִּירִין, אָבֶּער וָואס וֶועט זַייא אַרוֹים קוּמֶען דֶער פוּן.

אִיךְ לוֹיף נָאךְ אַדָאקְטָאר, הָאט גִיזָאגְט אַיוּנְגֶער מַאן וָואס עֶר אִיז אוֹיךְ פוּן דִיא חֶבְרָה רֶעדְלֶעךְ.

אִין אֵיינִיגֶע מִינוּטִין אַרוּם זַיינֶען גִיוֶועזֶען עֶטְלִיכֶע דָאקְטוֹרִים מֶען הָאט זִיךְ גֶענוּמֶען צוּ אסתר'ן, אוּנ צוּם לֶעהְרֶער, אכתר הָאט גִישְׁרִיעֶן, אַז אַלֶע וָואס זַיינֶען דָארְטֶען גִיוֶועזֶען הָאבֶּען גִיוֵויינְט, ווייל אַלֶע הָאבֶּען גִיהַאט מִיטְלַייד אוֹיף אִיהר. יֶעדֶער מֶענְשׁ ווייס דָאךְ נִיט וָואס פַאר אַסוֹף עֶס קָאן וֶוערֶען פוּן אִים, זִיא אִיז גִילֶעגֶען אוֹיף דֶער עֶרְד אִין אַטֵייעֶרֶע קְלֵייד, דִי שְׁוַוארְצֶע הָאר צוּ וָוארְפִין, מֶען מוּז אִיהר נֶעמֶען אוֹיף אַיין אִיזְוָואשְׁצִיק! הָאט אַדָאקְטָאר גֶעזָאגְט אוּנ מֶען דַארְף אִיר אַהֵיים אָפּ פִירֶען, אָבֶּער אָן וֶועמֶען גִיהֶערְט זִיא?

זִיא אִיז ארציק'ס דֶעם שֵׁיינְקֶערְס טָאכְטֶער, הָאט זלמן קוֹים אוֹים גִירֶעט מִיט אַלֶע קְרֶעפְטִין, זייא וואוֹהנֶען אִין סערחאנער נָאס נוּמֶער פוּפְצִיג קְוַוארְטִיר פִינְף.

מֶען הָאט גִינוּמֶען אַ אִיזְוָואשְׁוָואשְׁצִיק, אוּנ מִיט גְרוֹיסֶע צָרוֹת הָאט מֶען אִיר אָפּ גִיפִירְט צוּ הוֹיזֶע, עֶס זַיינֶען נָאךְ גֶעגַאנְגֶען זֵייעֶר צַגְרוֹיסֶע טָאלְפָּא, אוּנ אַנַארְדָאוָואי מִיט אַדָאקְטָאר זַיינֶען אוֹיךְ מִיט גִיפָארֶען, עֶס הָאט אוֹים גִיוִויזֶען דִי טְרוֹיעֶרְדִיגֶע כְּצֶענֶע וויא אַ לְוָיָה נָאט בְּעהִיטֶע.

וָואס אִיז דָאס אַזוֹינְס? הָאבֶּען גִיפְרֶעגְט טוֹיזֶענְדֶער מֶענְשִׁין וָואס זַיינֶען אַרוֹים פוּן דִיא קְרָאמֶען אוּנ פוּן דִיא הַייזֶער, ווייל יֶעדֶערֶער אִיז נַייגֶעריג גֶעוֶועזֶען צוּ ווִיסֶען.

אַגְרוֹים אַרְטִיגֶע פְּרַיילִין אִיז אַרָאפּ גִיפַאלִין פוּן אַ וֶועלִיסָאפֶּעד אוּנ הָאט זִיךְ גִימַזִיקְט, הָאבֶּען גִיצֶנְטְפֶערְט דִיא וָואס זַיינֶען נָאךְ נִיגַאנְגֶען נָאךְ דִי לֶעבֶּעדִיגֶע לְוָיָה.

רֶעבְּט! עֶס קוּמְט! אַמַפָּלָה אוֹיף אִיר! הָאבֶּען גִישְׁרִיעֶן אַלֶע מֶען קָאן שׁוֹין פַאר שְׁטֵיין וָוס פַאר אַגְרוֹים אַרְטִיגֶע פְּרַיילִין

דָאס איז, אַז זִיא קָאן לױפֶען אױף דֶעם פְּלַאץ, נָאחר עָס אִיז מֶער נִיט אַרַהֲמָנוּת אוֹיף דִי עֶלְטֶערְן, עָס קָאן דָאך גֶעבִּין אַז זֵייא זֵיינֶען דַוְקָא שֵׁיינֶע אוּנ אָרֶענְטְלִיכֶע מֶענְשֶׁין.

איציק מִיט שרה'ן זֵיינֶען דַאן גֶיוֶועזֶן אִין שְׁטוּב, וְוִיא שְׁרֶעקְלִיך אִיז גֶיוֶועזֶן צוּ בַּאטְרַאכְטֶען זֵייעֶר לַאגֶע אַז זֵייא הָאבֶּען דֶער זֵייעֶר אֵיינְצִיגֶע קִינְד לִינְט מֶעהר טוֹיט ווִיא לֶעבֶּעדִיג, שׂרה אִיז אוּמַאכְט גֶיפַאלֶען, איציק אִיז כִּמְעַט פוּן זִינֶען אַרָאפּ, אִיהם אִיז גֶיוֶועזֶן דִיא שַׁאנְדֶע גְרֶעסֶער וִויא דִיא יְסוּרִים! וַוייל מָארְגֶען וֶועט דָאך קוּמֶען דֶער חָתָן, וָואס טוּט מֶען? אִיך בִּין אוּמְגְלִיקְלִיך! מֶען הָאט גֶירוּפֶען עֶטְלִיכֶע דָאקְטוֹרִים, אוּנ מֶען הָאט עֶרְפַארִין אַז זִיא הָאט דִיא רֶעכְטֶע פוּס אוֹיס גִיבְּרָאכֶען, מֶען הָאט גֶעטָאן גִינוּג מִיטְלֶען, נָאהר אוֹיף מָארְגֶען אִיז זִיא מִיט דִיא עֶלְטֶערֶען אָפּ גִיפָארֶען אִין אוֹיסְלַאנְד, וַוייל זֵייא אִיז דָא גִיוֶועזֶן נִיט צוּם בֶּעסְטֶען, צֶרְשְׁטִין, דִי בּוּשָׁה מִיט דִי חֶרְפָּה אַז דֶער חָתָן וֶועט קוּמֶען אוּנ וֶועט אִיהר טְרֶעפִין אִין אַנָא לַאגֶע, צְוֵוייטֶענְס אִין אוֹיסְלַאנְד אִיז פַארַאן גְרוֹיסֶע דָאקְטוֹרִים, פִילֵייכְט וֶועט מֶען גִיפִינֶען אַמִיטִיל צוּם פוּס.

# 10

## נָאלְדֶעס גְלִיק.

אוֹיף מָארְגֶען נָאך דִי גֶישִׁיכְטֶע פוּן אסתר'ן. וָועהן מִיר אוּהר פִיר נָאך מִיטָאג, אִיז צוּ גֶיפָארֶען צוּ בעריל קְרַאנְץ אַ דְרָאזְשְׁקֶע מִיט דְרַייא פֶערְזָאן צְוֵוייא מַאנְס לַייט מִיט אֵיין פְרוֹיעֶן צִימֶער, וְוִיא זֵייא זֵיינֶען אַרַיין אִין שְׁטוּב אִיז גֶיוָוארֶען „שָׂשׂוֹן וְשִׂמְחָה" בעריל מִיט משה'ן מִיט אברהמ'ען הָאבֶּען זִיך פְרֵיינְדְלִיך צוּ קוּשְׁט.

אַי נָאט! וָואס זֶעה אִיך הָאט צירל אוֹיס גֶעשְׁרִיעֶן פַאר פְרֵייד צִיפִּינְקֶע וָואס מַאכְסְטוּ? עָס אִיז גֶיוָוארֶען אַקוּשֶׁעבֵייא אוּנ טְרֶערֶען פוּן פְרֵייד זֵיינֶען פַאר נָאסֶען גֶיוָוארֶען.

צירל! הָאט צִיפּה אוֹיס גֶישְׁרִיעֶן וואו אִיז גאלדעצקע?

זיא וועט באַלד אַביין גיין, זיא טוט זיך אָן, אין איינינע מינוטען אַרום איז אַריין גאלדע וועלכע די לעצער איז באַוואוסט זיא איז גיוועזן אַפּביילין אַיין אויס נאַחמע, אַז ציפּע האָט איר דער וועהן איז זיא איר גילאָפען אַנטקעגין און האָט איר אַרום גענומען און זיך צוקושט.

גאלדעצקע! האָט ציפּה איר גיפרעגט דו קאָנסט מיר?

איך גידיינק אַז איר זייט דאָ גיוועזן, עס מוז שוין זיין אַיין ... פון אַ יאָהר אַכט.

אָי אַגיזונט אין דיר האָט ציפּה אויס גישריען קושענדיג זיך מיט איר.

נאָכהער האָט מען איר פאַר גישטעלט פאַר אבראמען, און זייא זיינען באַקאַנט גיוואָרען.

עס איז גיוואָרען גינגרייט אַטיש מיט אַלעם וואָס עס קאָרט פאַר געסט, מען האָט זיך זייער פריילאַך לוסטיג גימאַכט.

נאָכהער זאָגט משה, איר ווייסט אַז מיר זיינען גיקומען וועהן אַכלה פאַר דעם חברה מאַן, און ווייזט אויף אבראמען.

מיט וועמען רעט מען אייך? האָט ציריל גיפרעגט.

מיט איצע שיינקער, דיא כלה רופט מען אסתר, איך ק...ט זייא? האָט משה זייא גיפרעגט.

צו שפּעט זייט איר גיקומען, האָט ציריל גיענטפערט.

וואָס מיינט איר דער מיט? האָט משה גיפרעגט.

זייא זיינען היינט פריא אָפּ גיפאָרען אין אויסלאַנד.

משה מיט ציפּען קוקען זייא אָן אין דיא אויגען.

וואָס וואונדערט אייך אַזוי האָט ציריל געזאָגט, זייא זיינען גיפאָרין אין אויסלאַנד מאַכען אַ פּוס אסתר׳ן, און זיא האָט זייא דער ציילט דיא גאַנצע גישיכטע מיט אסתר׳ן.

אויב אַזויא דאַרף מען נעמען אַביסיל בראַנפּין האָט משה געזאָגט.

גיזעגט זאָגט בעריל, דו ביזט פון אונזערע ברידער, אַזוי

